

אי. קיפּניס

# פאַר די קליינע קינדערסוועגב

מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס" מאָסקווע 1940

אי. קיפּניס

# פֿאַר די קליינע קינדערסוועגן

צייכענונגען פֿון אי. בעקעטאָוו



מעלוכע-פֿאַרלאַג „דער עמעס“, מאָסקווע 1940

# האָז פּרעס־גראָז און זײַנע מישפּאָכע

דאָ ווערט דערציילט, וויאַזוי האָז פּרעס־גראָז
האָט דורך א גליקלעכן צופאַל דערלעבט ביזן טיפן עלטער
און האָט נאָך באַזאָרגט די קינדער
מיט די קינדס־קינדער.

אַט הערט אומיסטן:

אין וואַלד האָט אַמאָל געלעבט א האָז מיט זײַן ווײַב דער האָזע־כע, מיט זייערע קינדער די העזעלעך.

געוועזן איז עס א האָז ווי אַלע האָזן. ער האָט געציטערט פאַר יעדער שאָרך אין וואַלד, הײַנט פאַר א כײַע און פאַר א יעגער איז שוין אָפּגערעדט. געלעבט האָט האָז מיט זײַן מישפּאָכע, ווי געוויינ־לעך, אין גרויס אָר׳עמקײַט. גאַנץ אָפט פלעגט זיי אויסקומען שטילן דעם הונגער מיט גראָז, מיט א ביסל געוויינלעך גרין גראָז. פרישע כראַמטשלקע פון קרויט האָט זיי אַוואַדע בעסער געשמעקט, אָבער נישט יעדער אָרעמאַן קאָן זיך פאַרגינען עסן קרויט אַלע טאָג, און ווער רעדט שוין פון מערן אָדער פרישע ציבעלקעלעך. און דערפאַר האָט זיך אונדזער האָז טאַקע געבן אַרומגעטראָגן מיטן געזידלטן צונעמעניש — „האָז פרעס־גראָז“.

זאָל מען נישט געפרוווט ווערן, צו וואָס מע קאָן געוווינט ווערן. אונדזער האָז איז צו דעם דאָזיקן נאָמען געוווינט געוואָרן און אַפי־לע די קינדער זײַנע האָבן צווישן די איבעריקע קינדער אין וואַלד ניט געהאַט קיין אַנדער נאָמען, ווי נאָר — העזל פרעס־גרעזל. און דאָס האָט אויך געמוזט אָפּגיין גלאַט.

דאַרף אָבער טרעפן א מײַסע, וואָס האָט איבערגעקערט דאָס גאַנצע לעבן באַם העזל מיט זײַן מישפּאָכע אַזוי, אַז דער גאַנצער וואַלד האָט זיך מיט אים אָנגעהויבן גרויסן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין איינעם א קאַלטן הארבסטיקן פריי־מאָרגן, ווען האָזעכע האָט געזומען מוסערן איר מאַן דעם האָז, אז אלע בײַעס האָבן שוין לאַנג באַוואָרנט זייערע וווינונגען אָפּ ווינטער, און נאָר דאָ — באַהיט זאָל מען ווערן — בלאָזט פון אלע ווינקעלעך. די קינדער זײַנען קוים די נאכט איבערגעשלאָפן. סע קלאַפּט זיי דאָך מאַמעש א צאָן אָן א צאָן.

— נו, נו, א סאָפּ, — האָט האָז פרעס־גראָז ענדלעך נאָכגעגעבן, — איך זאָג דיר, אז נאָך הײַנט וועט אונדזער שטוב ווערן א שטוב מיט לײַטן גלײַך. דו פארטינקעווע נאָר די ווענט און קאָך אָפּ א גוטן וואַרמעס, און איך נעם זיך די רעגע פאַריכטן דעם דאך און פאַר־קלאַפּן די גרויסע לאָך פון פענצטער.

— ווו וועסטו דען נעמען ברעטער אָפּ פארקלאַפּן אזא גרויסע לאָך ? — פרעגט די האָזעכע.

און דער האָז ענטפערט:

— טוט זיך דאַרט א ביסל — ברעטער !! איין ברעטל דאַרף מען, האָב איך עס שוין... לעם גאָרטן, ווו מיר נעמען קרויט אָפּ יאָמטעוו, האָב איך אָנגעקוקט א ברעטל באַם סאַמע פּלויט, איז עס פאַר אונדז ווי אָנגעמאָסטן! נאָר נישט געזאָרגט, עס וועט שוין זײַן גוט!

און האָז האָט מיטגענומען זײַן עלטער ייִנגל, און זיי האָבן זיך ביידע גענומען גאַנווענען דורך א זײַטיק שטעגעלע נאָכן באַרימטן ברעטל.

די פאָר העזעלעך, דער טאַטע מיטן זון, האָבן זיך אָנגענומען מיט גענוג שרעק אפּן וועג. נישט איין מאָל איז זיי אויסגעקומען איבערזיצן גאַנצע אייביקײַטן אונטער איין ביימל און אונטער א צווייטן, ווײַל אָט איז עמעצער דורכגעלאָפן איבערן וואַלד, אָט האָט א צווײַגל ערגעץ א קנאַק געטאָן און אָט האָט א בוים ערגעץ א רויש געטאָן. אָבער דער טאַטע דער האָז, אז ער רעדט, ווייסט ער שוין גראַדע, וואָס ער רעדט. דאָס ברעטל איז טאַקע געשטאַנען אָפּגעריסן אָפּגעזונדערט אָרט לעם סאַמע פּלויט. נישט קיין סאַך געטראַכט, האָבן ביידע האָזן זיך צו דעם א נעם געטאָן און א שאָ פאַרנאַכט האָבן זיי עס טאַקע געבראַכט צו שלעפּן אהיים.

האָז האָט נישט געוואָלט אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק און האָט טאַקע מיט דער הילף פון אלע קינדער עס גלײַך צוגעפּאַסט צו דער גרויסער לאָך אין פענצטער און עס גוט צוגעקלאַפּט.

זיי זײַנען אַלע אָפּגעטראָטן עטלעכע טריט אױף צוריק, זיי זאָלן בעסער באַטראַכטן די נײַע לאַטע אױף זײער שטיבעלע, און ערשט דאָ האָט האָז דערזען, אַז אױפֿן ברעטל איז אָנגעמאָלט אַ גרױסער שטיוול. די ערשטע רגע האָט עס אים אפֿילו פֿאַרדראָסן, — לעמיי האָט ער זיך פֿריִער נישט אַרומגעקוקט, וואָלט ער דאָך עס געקאָנט צושלאָגן מיטן שטיוול צו דער וואַנט, אָבער ס׳איז אים עפּעס גלײַך אײַנגעפֿאַלן, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו די קינדער מיט גרױס באַרימערײַ:

— הע! וואָס אַרט עס מיך? אַזױ איז נאָך בעסער! זאָל דער וואַלד וויסן, אַז האָז פּרעס־גראָז האָט באַהאַנגען זײַן שטוב מיט בילדער!

ערשט איצט האָט האָז דערפֿילט, ווי מיד ער איז. האָט אים די האָזעכע דערלאַנגט אַ ביסל הייסן סופּ מיט קרויט, איז עס געווען מאָלע טאַם. צום פֿאַרבײַסן האָט ער נאָך געקראָגן אַ פּאָר מערן־פּענעצלעך — אַ סימען, אַז זײַן אַרבעט האָט באַמ ווײַב טאַקע זײער פֿײַן אויסגענומען.

— לאַנג לעבן זאָלסטו, — האָט דער האָז געזאָגט, — פֿאַרן גוטן וואַרמעס, וואָס דו האָסט מיר געגעבן.

און ער האָט זיך גלײַך צוגעלײגט אָפּרוען.

— לעב אויך לאַנג און זײַ אַ טאַטע דײַנע קינדער, — האָט אים די האָזעכע צוריק צוגעווינטשעוועט. — דאַכט זיך, אַזאַ מין וואַרעמע וווינונג, ווי מיר האָבן איצט, וועלן זיך מעגן ווינטשן די רײַכסטע וואַלד־באַלעבאַטים, — און זי האָט העזעלען אײַנגעדעקט און אָנגעזאָגט די קינדער, סע זאָל זײַן שאַ — דער טאַטע שלאָפֿט!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פּלוצעם דערהערט זיך אַ קלאַפּ פֿון יענער זײַט טיר... אײן מאָל און נאָכאַמאָל...

האָט האָזעכע אַפּגיך אָנגעטאָן אירע שטעק־שיך און איז אַרויס אױף אַ שפּיץ־פֿינגער.

— ווער איז? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן אין דער שטיל, קעדיי זי זאָל דעם מאַן נישט אויפֿוועקן.

— סע איך, — ענטפֿערט אַ יונג גראָבלעך קאָל פֿון יענער זײַט טיר.

— ווער איז דער „איך", איך דערקען ביט!

— נו, איך! דער אַלטער בעריכעס ייִנגסט ייִנגל.

— וואָס זשע דאַרפסטו דאָ? — האָט האָזעכע א פרעג געטאָן אין איינע שרעק.

— איך דאַרף צום שוסטער, דאָ זיצט א שוסטער!

בא האָזעכען איז אראָפּ א שטיין פון האַרצן. זי האָט אָפּגעעפנט א שפּארונקעלע פון טיר און געענטפערט מיט א ליבן שמייכל:

— ניין, מײַן טײַערינקער, דו האָסט א טאָעס... דאָ זיצן מיר... געוויינלעכע האָזן... עפשער האָסטו געהערט — האָז פרעס־גראָז מיט זײַן מישפּאָכע...

— סע קען ניט זײַן! — האָט דער בעריכעס ייִנגל געענטפערט. — שוין דרײַ טעג און דרײַ נעכט, אז איך זוך איבערן וואַלד א שטוב, ווי די מאמע האָט מיר אויסגעמאָלט, אז סע זאָל דאָרטן הענגען א שטיוול אפ דער וואנט. די מאמע האָט מיר געזאָגט, אז דאָרטן וועל איך געוויס טרעפן א שוסטער, און ער וועט מיר פארנייען מײַן לינקן שוך, וואָס האָט זיך אינגאנצן צעלאפּטשעט. די מאמע האָט געזאָגט, סע וועט ניט זײַן אומזיסט. איך וויל אײַך ברענגען א טעפּל האָניק אזוי גיך, ווי נאָר דער טאטע וועט נעמען רײַסן די בינשטאָקן.

— אָ, מײַן טײַערינקער, — זאָגט די האָזעכע, — אָבער ווו האָסטו דאָ געטראָפן א שטיוול אפן וואנט?

— וואָס הייסט ווו, — מאכט דער בעריכעס זון, — און דאָס וואָס איז?

די האָזעכע גייט ארויס און גלייבט ניט אירע אייגענע אויגן — אפ דער לאטע, וואָס האָז פרעס־גראָז האָט נאָרוואָס צוגעקלאפּט, איז אָנגעמאָלט א גרויסער שטיוול. זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט אפ געבן צו פארשטיין דעם בעריכעס ייִנגל אַלצדינג, ווי די מײַסע איז, האָט זיך אָבער אין דער רעגע אראָפּגעלאָזן אהער א זשוראווו מיט זײַנע לאנגע פיס. ער האָט קוים באוויזן צונויפלייגן די פליגל ווי סע געהער צו זײַן און זיך גלײַך צעשריִען הויך אפ א קאָל:

— ווו איז ער עס, דער שוסטער? איך וויל, ער זאָל מיר אראָפּנעמען א מאָס אפ א פּאָר דינע גרינע וואסער־שטיוול, נאָר מיט אײַנטנײַ — זיי זאָלן נישט דורכנעצן! מאכט ער מיר אָפּ אזעלכע שטיוול, וועט איר שוין אין קיין פיש בא מיר ניט זשעדנע זײַן, איר וועט בא מיר האָבן פיש אפ פיש און זשאבעס אויך.

וויל זי אים עפּעס ענטפערן, קומט צו שפּרינגענע א האַרמל[1].

— טײַערינקע, — מאַכט ער צו דער האָזעכע, — איך וויל, אַז דײַן מאַן דער שוסטער זאָל מיר אויפשטעפּן אַזעלכע שטיוועלעך, וואָס פאַרלייקענען מײַנע שפּורן איבערן פרישן שניי. נאָר גיך, וואָרעם דער ווינטער שטייט ניט. וויפל ער וועט זאָגן, וועט אים זײַן באַצאָלט.

אַפ די רייד איז שוין אַרויסגעגאַנגענע האָז אַליין. ער זעט, אַז כײַעס הערן זיך ניט אויף צו קלײַבן — „גוואַלד, אַ שוסטער", האָט ער זיך געגעבן אַ קראַץ מיטן לינקן פיסל אונטערן רעכטן אויער און זיך אָנגערופן אַפילע גאַנץ פעסט באַ זיך:

— כאָשעווע ברידער, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — וואָס עמעס איז עמעס. מײַנע זיידעס, מיר צו לענגערע יאָר, האָבן, דוכט מיר, טאַקע אַמאָל עפּעס אַזוי ווי געהאַט צו טאָן מיט שוסטערײַ. איך אַליין האָב צו דעם אויך אַ שטיקל גוסט. נאָ־אָר...

— וואָס נאָר? — האָבן זיך אַלע אָנגעכאַפּט.

— ס'איז דאָ אַ קליינע מעניע, — האָט האָז פּרעס־גראָז צוגעגעבן.

— וואָס איז די מעניע? — האָבן אַלע אויסגעשריען.

— מע דאַרף געצײַג... אינסטרומענטן... — האָט העזל געוויזן מיט אַ לאַפּקעלע.

— ס'וועט זײַן! — האָבן אַלע אַ הילך געטאָן.

— און סכוירע... לעדער דאַרף מען אַפּ בייגע און לאַטעס.

— ס'וועט זײַן! — האָבן אַלע כײַעס זיך ווײַטער צעהילכט.

און די כײַעס האָבן גלײַך אַפּן אָרט אַזוי באַשטימט: אַ שוסטער דאַרף דער וואַלד ווי דאָס לעבן. צי וועט העזל קענען בייגן?.. אַז ער וועט זיך צולערנען, וועט ער קענען! און ס'איז געבליבן, אַז מע דאַרף ניט קוקן אַפּ קיינע שוועריקײַטן, מע דאַרף באַזאָרגן דאָס העזל מיט לעדער, מיט געצײַג און מיט אַ וואַרשטאַט. שוסטערשע סמאָלע האָט עמעצער גלײַך אַפּן אָרט געבראַכט צו טראָגן.

און האָז פּרעס־גראָז האָט מיט גרויס סימכע זיך גענומען לערנען די מעלאָכע — שוסטערײַ.

אין וואַלד איז אַרויסגעגאַנגען געוואָרן אַ באַפעל, אַז סײַ די גרויסע כײַעס סײַ די קליינע זאָלן זיך ניט דערוועגן אָנרירן צום

---

[1] גאָרנאָסטײַ.

בייזנ ניט דעמ שוסטער אלײנ, ניט זײַנ װײַב אונ אפילע־ניט דעמ מינדסטנ פונ זײַנע קינדער.

װאָס דארפ מענ מער, אפילע די יעגערס האָבנ אויכ אָפּגעהיט דעמ שוסטער פונ אלדאָסבײז. װאָרעמ װאָס קאָנ טאָנ א יעגער אינמיטנ װאלד, אויב ס׳רײַסט זיכ בא אימ אָפּ א פּאָדעשװע אונ קײנ שטריקל האָט ער ניט בא זיכ אפּ צובינדנ, דארפ ער דאָכ אויכ אָנקומענ צו א שוסטער.

אונ האָז פּרעס־גראָז האָט זיכ א נעמ געטאָנ צו דער ארבעט מיט גרויס כײשעק. אז סע קומט אָנ דער נאסער הארבסט אונ מע פארװארפט אימ די שטוב מיט ארבעט, העלפט אימ דאָס װײַב אויכ צו א ביסל אונ די קינדער אויכ.

די באשטעלער טראָגנ אימ אָנ פונ הערנ אונ קלערנ, אונ זײַנ שטוב איז פול מיט אלדאָסגוטס.

אמאָל אינ א פינצטערער װינטער־נאכט ברענגט אהער זיכ צו שלעפּנ דער אלטער בער, װאָס װיל זיכ א ביסל אָנװארעמענ. ער רוקט זיכ צו צומ װארשטאט, קוקט אונ קוקט, װיאַזוי דער ־־־־טער נײט, אונ איז שטארק מעקאנע. האָזעכע איז אימ דאנ מעכא־ע, מיט א הײסנ קרויט־באָרשטש אונ דערלאנגט נאָכ אימ א שיסל צימעס אָפּ פארבײַסנ... אינ דרויסנ פײַפט דער װינט מיט דער זאװערוכע, אונ אינ שטוב איז װארעמ, װי אינ אנ אויער. רוקט זיכ דער בער צו נאָכ נעענטער צומ װארשטאט, ער קראצט אָנ אינ װאנט די פלײצע אונ דרימלט זײער געשמאק. אונ די האָזעכע זעצט זיכ אװעק אנטקעגנ אימ מיט אנ ארבעט אינ האנט אונ דערצײלט אימ שױנ עפשער דאָס הונדערטסטע מאָל די מײַסע מיטנ שוסטערשנ שילדל, װאָס האָט געגעבנ איר מאנ אינ האנט א מעלאָכע.

אונ אינ דער שטוב זײערער איז אי מאזל אי בראָכע!

# האָן געל־מײַטקעלע און הון
# קרײנדל־קעפּל

געווען זײַנען בא א באַלעבאָס א האָן מיט א הון.

דער האָן איז אין מײַטקעס געגאַנגען אין געלע און מיט פליג־לען באַגילטע, און הינדעלע איז א ראבע געווען, און מער ווי א קריינדעלע אפּן קאָפּ האָט זי גאָרניט פאַרמאָגט.

גוט האָבן געלעבט צווישן זיך האָן מיט הינדעלען. האָן פלעגט זיך אין קיין פרעמדע הויפן נישט פאַרקוקן און גאַנצע טעג נאָר מיט הינדעלען שפּאַצירן.

און געפינען האָט ער נאָר א קערנדל ווייץ אָדער האָבער, פלעגט ער גלײַך נעמען רופן:

— פּיק — פּיק — פּיק —

געפינען — געפינען.

און דאָס קערנדל אין שנאָבל און פון שנאָבל געוואָרפן, אין שנאָבל און פון שנאָבל — אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז הינדעלע דער־הערט און קומט צו. וואַרפט ער איר אַרויס דאָס קערנדל פון שנאָבל, אָדער ער דערשלינגט עס אליין, ווען ער קאָן זיך נישט אײַנהאַלטן, און זיי שפּאַצירן זיך ווײַטער.

הינדעלע פלעגט אלע פרילינג טאָג אין טאָג אייעלעך לייגן און זיי דער באַלעבאָסטע פאַרגלייבן.

יאָר אין יאָר האָט זיך הינדעלע געבלאָזן און קינדער געוואָלט, האָט אָבער די באַלעבאָסטע פאַרלייקנט די אייעלעך און נישט געוואָלט נאָך, אז הינדעלע זאָל זי פאַרן האָן פאַרמאַסערן, פלעגט זי נעמען און קוואָטשקע הינדעלע אָפּטוקן אין קאַלט וואַסער.

ניטאָ בא הינדעלען ערגער, ווי אין וואַסער און נאָך אין קאַלטס זיך טוקן.

מוז שוין הינדעלע באלעבאָסטעט נאָכגעבן — זיך אופהערן בלאָזן, אופהערן קוואָטשקען און האָנען קיין פיפט נישט טאָן פון גאָרנים.

נאָר ווען־ניט־ווען פאַרנאַכט, אפן סעדעלע פליענדיק, פלעגט זי אפ יעדן טרעפעלע פון לייטער זיך אָפשטעלן, זיך אָן וואָס דערמאָנען און אונטערן דעכל, שוין זיצנדיק בא האָנס רעכטן פליגל, פלעגט זי פארמאכן איין אייגעלע, נאָכדעם דאָס צווייטע, קלערן, קלערן און אזוי אײַנשלאָפן.

שארט זיך איינמאָל הינדעלע אין ערד.

אלע פעדערן זײַנען שוין בא איר אין ווארעמען שטויב אויסגעבאָדן.

האָט זי זיך אפ א זײַטל צוגעלייגט, דאָס אייבערשטע פליגעלע אויסגעצויגן, די פיסעלעך פארדעקט, איין אייגל צוגעמאכט — און דערפילט:

אן אייעלע וועט זי באלד ברענגען.

— דאָס ערשטע אייעלע פארן נײַעם פרילינג.

האָט זיך הינדעלע פארקלערט.

האָן וועט דאָ גאָרניט אייצענען. ער שטייט ערגעץ מיט זײַנע געלע מײַטקעס אפ א באזונטן פלויט, פאטשט מיט די גילדענע פליגל און־רופט:

קוקוריקו,
קוקוריקו,
ווער אפ פעלדער,
ווער אפ וועגן.
קוקוריקו,
קוקוריקו,
איצט א זון —
און באלד א רעגן.

— מער איז ניט זײַן אייסעק.

שטייט אוף הינדעלע, גיט זיך א טרייסל אָפ פונעם שטויב, הייבט א פאָלקעלע מעיושעוודיק און גייט, — הייבט אוף דאָס צווייטע, טוט א קלער און ווײַטער גייט.

און זינגט זיך אונטער:

— איך לייג אַן אייעלע,
וואָס קומט אַרויס.
די באַלעבאָסטע קומט
און שאַרט אַרויס.
הון וויל אַ קינד,
האָן וויל אַ קינד.
איז ווער קאָן
אייצענען אַצינד...

שטייט אין ווינקל הויף אַ בערעזע אַן אַלטע, מיט אַ שוואַרץ־בלע־טערדיקן קאָפּ. און אַזאַ מין אַלטע איז זי, די בערעזע, געווען און האָט זיך ליב צו אַלץ צוקוקן און צו אַלץ צוהערן.

הינדעלע הייבט אַ לאַפּקעלע און זינגט, און בערעזע אַלטע, שוואַרקעפּיקע הערט זיך צו.

הערט און הערט און רופט זיך אָן:

— הער אויס, הינדעלע, איך וועל דיר אַן אייצע געבן, ווי אַזוי פון דער באַלעבאָסטע די אייעלעך אויסבאַהאַלטן...

— צווישן מײַנע צווײַגן באַהאַלט איך אויס אַ פאַרלאָזענע נעסט, אַ בושל אַ היימלאָזער האָט זי דאָ געבויט, איך האָב אים דאָ געלאָזן, געמיינט, ס׳וועט זײַן פריילעכער אַן אַלטער בערעזע... האָט ער געבויט, געבויט, און אומכיין געוואָרפן אַף מיר און זיך באַם טאַפּאָל גאָר געזעצט... קום, איך נעם דיך צו פאַר אַ שכיינע, איך וועל דיר דײַנע אייעלעך אויסבאַהאַלטן, דיך מיט אַ געניטער אייצע פירן, נאָר אַ טנאַי נעם איך מיט דיר אויס...

— אַ וועלכן? — פרעגט הינדעלע.

— אַ טנאַי — דעם האָן זאָלסטו אַהער־אָ נישט פירן. איך בין אַן אַלטע און קאָן קיין טומל נישט פאַרטראָגן.

איז הינדעלע אײַנגעגאַנגען, באַדאַנקט דער אַלטער, אַרומגע־קוקט זיך, צי קיינער הערט זיי נישט אונטער, צי קיינער קוקט זיי נישט נאָך, און אַפּן בוים אַרופגעפלויגן. די בלעטער האָבן זי פאַרשטעלט.

זוכט זי מיט איין אייגעלע. אַ בייג אַרויף דאָס רעכטע און גע־קוקט — אַ בייג אַרויף דאָס לינקע און אויסגעקוקט, און טאַקע די נעסט געפונען.

די נעסט האָט אַפילע געשמעקט מיט פּוסטקע, פונדעסטוועגן איז

הינדעלע געווען צופרידן — ווי־עס־איז זיך איינגעמאָסטעט, און ווי נאָר זי האָט דאָס אייעלע געלייגט, האָט זי אפּ א צווייג זיך געשטעלט און גענומען פאר פרייד זיך באַרימען:

קאָ־קאָ־קאָ־קאָ!
אַ אייעלע געפונען —
קאָ־קאָ־קאָ־קאָ!
אַ אייעלע געבראַכט...

— א שיינער סאָד בא דיר, — שלאָגט זי איבער די בערעזע...

הינדעלע האָט זיך דערמאָנט און זיך פארשעמט. — זי וועט שוין מער אזוי נישט טאָן. און זיך אומקוקנדיק, צי קיינער זעט נישט, איז זי אראָפּגעפלויגן.

האָן ווייסט גאָרניט פון סאָד, וואָס הינדעלע באַהאַלט אויס. ער זעט נאָר — הינדעלע איז פריילעך, איז ער אויך פריילעך.

ער ווייסט נאָר ניט, פארוואָס קאָן מען עס הינדעלען נישט דער־רופן א קערנדל כאַפּן, א הירזשעלע קלייבן. און קומט ער אליין, טרייבט אים די באַלעבאָסטע, לעמיי איז ער אָן הינדעלען געקו־מען.

טאָג אין טאָג ברענגט הינדעלע אין נעסט אריין א פריש אייעלע. וויַיסינקע קומען דאָרט צו, און בערעזע שווערקעפּיקע באַהאַלט אויס.

וואָס מער וויַיסינקע אין נעסט, ווערט בא הינדעלען דער סאָד טייערער, — זי מייַדט אויס גאַנצע טעג די בערעזע, מע זאָל זי, כאָליי־לע, דאָרט נישט באַמערקן, און דארף זי דאָס אייעלע לייגן, קוקט זי מיט איין אייגעלע אין איין זייַט, מיט צווייטן — אין דער צווייטער.

קוקט און גאַנוועט זיך.

בייגט א לאַפּקעלע און שטעלט. הייבט א פיסעלע און גאַנוועט זיך. א פלי — און בלייבט נישט צווישן די בלעטער. ניטאָ.

הינדעלע האָט שוין אַלע אייעלעך אויסגעטראָגן און זיך בלאָזן אָנגעהויבן. באַרויגעז איז זי, כאָלילע, נישט אפּ קיינעם, נאָר אזוי איז זי בא זיך געוואָרן גרויס א ביסל. און דענסטמאָל האָט זי אפּ דער אלטערס אייצעס ניט געוואַרט, זיך גלייַך אין נעסט אריינגעקליבן און גענומען די אייעלעך וואַרעמען.

וויפל אייעלעך איז דאָרט געווען, האָט זי אליין נישט געוווּסט.

א סאַך אייעלעך אין א הויפן, קוים אונטער די פליגל ארונטער־צונעמען — און געגוג.

— אַט וועט זיך דאָס האָן א ביסל פרייען — ניט פונוואנען, ניט פון וואָס, וועט זי דאָס מיט אזויפיל קינדער אראָפּקומען.

אזוי האָט הינדעלע געקלערט און מיט מער פלײַס די אייעלעך אונטער זיך מיט שנאָבל און קריינדל־קעפל געמישט און איבערגע־מישט.

אלע גאנצפרי דעקט זי איין געטריי די אייעלעך מיט פעדערן און מיט שטרוי און פליט אראָפּ אפּ א ווײַלע.

קוקט זיך ארום, אָטעמט ארײַן א ביסעלע פרישע לופט, זוכט אָפּ א זוימעלע, א קערנדל, — בײַסט איבער, מיט א פּאָר טראָפּנדלעך טוי, וואָס אפן גראָז, פארטרינקט זי און איז דער גיך אפּ צוריק.

ניט געוווּסט האָט האָן, ווו איז עס הינדעלע אנטרונען געוואָרן.

אפּ גאנצע שאָען פלעגט ער זיך אין א ווינקל פארוקן און אפּ איין פוס שטיין, מיט איין אָפן אויג און איין פארמאכטס.

אָדער געזוכט מיטן שנאָבל צווישן פעדערן און פליגל — פּאר גרויס זאָרג און אומעטקײַט אזוי.

אין שטוב האָט מען זיך שוין אויך פון הינדעלען מעיאעש געווען:

— ניטאָ שוין אונדזער הינדעלע אפּ דער וועלט, — זאָגט די באַ־לעבאָסטע.

— א שאָד, — ענטפערט דער באַלעבאָס.

הינדעלען געפעלט, וואָס קיינער שטויסט זיך נישט אָן אָן איר באהעלטעניש.

און טעג גייען.

וואָס א טאָג ווערט הינדעלען הייסער אפּ די אייער צו זיצן, — האלט זי די אויגן פארמאכט און כאַלעמט.

בערעזע האָט איר א סאַך מײַסעלעך דערציילט און אויסדערציילט. א סאַך פון זיך און מערער פון יענעם. הינדעלע האָט געהערט און אויסגעהערט און גאָרנישט געוווּסט — וואָרעם זי האָט געהאט פון אירס אייגנס וואָס צו קלערן:

— נו, וועט זיך דער האָן א ביסל פרייען, — ניט פונוואנען, ניט פון וואָס, וועט זי דאָס מיט אזויפיל קינדער אראָפּקומען...

און איינמאָל...

זי איז שוין אזא גרינגע געווען, אז זי איז מיטן ווינט געפלויגן,

און אזוי הייס איז איר נעסט שוין געווען, אז ס׳האָט איר אין די ביינער געבראָטן.

דער אויסגעבלייכטער שנאָבל איז בא איר צעעפנט, זי פאָכעט מיט דער נעשאָמע...

און הערט!

ס׳האָט אונטער איר א פישטשע געטאָן.

בא הינדעלען האָט פאר פרייד דער אָטעם איינ שנאָבל פארכאפט.

זי גלייבט נישט, זי הערט זיך צו, און ווײַטער א פישטשע, און נאָך, און נאָך, אָט־אָ פון אונטער איין פליגל, אָט פון אונטער צווייטן — און פּיק! און ווײַטער א פּיק, און ס׳ברעכן זיך ווענט.

באנאכט איז דאָס געווען.

און ביז טאָג האָבן זיך די הינדעלעך אויסגעפּיקט.

בערעזע אלטע איז שוין אויך די נאכט נישט געשלאָפן — געוואָלט הינדעלען וואָס העלפן, מיט א געניטער אייצע איר דינען. נאָר הינדעלע האָט אליין אלץ געוווּסט, קיינעמס אייצעס ניט באדארפט, אליין מיט שנאָבל די געל־געוואָרענע האלבע שאָלעכלעך ארויסגעוואָרפן, די נאסע אייפעלעך אונטער די פליגל און צווישן די פיסעלעך איינ־געמאָסטעט...

ביז טאָג האָבן זיך די אייפעלעך אויסגעטריקנט און שוין צו זיך געקומען.

שוין פּי־פּי... — עסן געמאָנט.

— דארף מען זיך שוין מיט זיי פאר דער וועלט ווײַזן. שפּרינגט הינדעלע פון נעסט אפ די צווײַגן און רופט נאָך זיך די קינדער:

— פּיק — פּיק — פּיק, טיפּקעלעך מײַנע, — רופט זי און שארט מיט די פינגער־נעגל, ווי זי וואָלט טאקע בעעמעס וואָס געפונען.

האָן האָט אינ ווינקל־הויף דערהערט, דעם קאָפּ אופגעהויבן און פאר ווונדער גענומען קאָ־קאָ־קאָ שרײַען.

איז דערווײַל די באלעבאָסטע געוווּיר געוואָרן און גיך מיט א זיפּ און מיט א לייטער צום בוים זיך געלאָזן. ארופ — און אינ זיפּ ארײַן פיר און צוואנציק הינדעלעך אויסגעציילט: געל־ווייכינקע, ברוינ־ווייכינקע און שווארצ־ווייכינקע.

טיפּקעלעך האָבן סימאָנים פון פליגעלעך געהויבן און געפּי־שטשעט. הון קוואָטשקע איז צעפּודלט. שפּרינגט זי אפן בוים און פון בוים, אפן לייטער און פון לייטער, זי שלאָגט זיך מיט די פליגל,

קוואָקעט און קוואָקעט. האָן איז איבערראשט און וויל באַלעבאָסטען נאָך די אויגן אויספּיקן.

קוים די טיפּעלעך פון זיך ארויסגעלאָזט.

זײַנען ערשט די קינדערלעך פון שטוב אין איינע העמדעלעך ארויסגעלאָפן. מיט פרייד און מיט ראש: ניסעלע טראָגט הירזש אין א שיסעלע. זיסקעלע טראָגט וואסער א פושקעלע. ציפּקעלעך לער־נען זיך פּיקן א קערנדל, טרינקען א וואסערל.

בא קוואָטשקע קריינדל־קעפּל דער שלייער דרייט זיך, בא האָנען געל־מײַטקע די קאם פרייט זיך...

דעם אָנבײַסן געענדיקט, מאכט ערשט האָן א ווארע. לאָזט זיך קוואָטשקע־הינדעלע אָט אזוי, אָט אזוי, מיט פיסעלעך טאנצן.

פליגעלע אײַן, פליגעלע אויס,—
און די מײַסע איז... אויס.

# מיזעלעך-מײַזעלעך

באַ איינער אַ ווײַבל האָבן זיך געהאָדעוועט אין קאַסטן צוויי קלייניקע מײַזעלעך. איינמאָל אַפּדערנאַכט עפֿנט אויף דאָס ווײַבל דעם קאַסטן און רופֿט זיך אָן:

— מיזעלעך־מײַזעלעך, גענוג אײַך דאָ געזעסן אין קאַסטן. לויפֿט זיך נאָר דורך אַ ביסעלע איבער דער שטאָט און באַטראַכט, וואָס דאָרט טוט זיך!

און דאָס ווײַבל האָט זיי אַרויסגעלאָזן פֿונעם קאַסטן אין פּאָדער־הויז, פֿון פּאָדער־הויז אַף יענער זײַט טיר, זיי נאָך צוגעלויכטן מיט אַ ליכט. האָבן די מײַזעלעך פּאַריסן די עקעלעך און גענומען פליען פֿון די טרעפּ אַראָפּ־אַראָפּ און אַף דער גאַס אַרויסגעלאָפֿן.

און אַף דער גאַס איז געווען קאַלט.

זאָגט איין מײַזעלע:

— איך גיי דאַפֿקע אין אַ וואַרעם פּעלצעלע, אָבער איך בין באָרוועס, איז מיר קאַלט אין די פֿיס.

זאָגט דאָס צווייטע מײַזעלע:

— איך גיי אויך אין אַ וואַרעם פּעלצעלע, נאָר איך בין באָרוועס, איז מיר אויך קאַלט אין די פֿיס.

— טאַ לאָמיר לויפֿן!

— נו, לאָמיר לויפֿן.

לויפֿן זיי און לויפֿן גאַס־אויס און גאַס־אײַן. קומט זיי אָן דער נאַכט־וועכטער אַנטקעגן. ער גייט אין אַ טיפֿן פּעלץ אָנגעטאָן און קלאַפּט מיטן לאַנגן שטעקן איבער דער ערד. דערזען די מײַזעלעך לויפֿן, צעשרײַט ער זיך אַף זיי:

— אַך, איר אַזוינע און אַזוינע! וווּ שלעפּט איר זיך עס אום

אזעלכע קליינע אינגמיטן באנאכט? שוין זאָלט איר אוועקגיין פון־דאַנעט!

בעמען די מײַזעלעך פינטלען מיט די אייגעלעך און זיך בעטן באם נאכט־וועכטער:

— פעטערל ליבינקער, טרײַב אונדז ניט אהיים, מיר דארפן זען, וואָס אין שטאָט טוט זיך.

— הא, — זאָגט דער נאכט־וועכטער, — וואָס אין שטאָט ס׳טוט זיך? נו, גוט, טאָ גייט, אויב אזוי, אהין, צום אלטן פאלאץ!

פארהייבן די מײַזעלעך די עקלעך און לאָזן זיך לויפן צום אלטן פאלאץ.

געקומען צום פאלאץ, א פרווו געטאָן פון דער רעכטער זײַט — ס׳גייט ניט. א פרווו געטאָן פון דער לינקער זײַט — ס׳גייט ניט. האָבן גענומען די מײַזעלעך ניט פון דער רעכטער, ניט פון דער לינקער, אונטערגעלייגט די מאָרדעלעך און א הייב געטאָן די וואנט, קערט זיך איבער דער גאנצער פאלאץ מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף.

גייט פון דאָרט ארויס א בער, אין ווײַסן וואָלנס אָנגעטאָן, מיט פרענזן באהאנגען, און א קליין מאלפּעלע טראָגט אים נאָך א ליכט און לײַכט אים צו.

פרעגט דער בער:

— וואָס דארפט איר דאָ, קליינע לײַט?

זאָגן די מײַזעלעך:

— גאָרניט דארפן מיר ניט דאָ.

גייט ארויס א הונט אין א גוטן פוטער אָנגעטאָן און פרעגט אויך דאָס אייגענע:

— וואָס דארפט איר דאָ, קליינע לײַט?

זאָגן די מײַזעלעך:

— מיר דארפן עפּעס זען.

— אהא, איר דארפט עפּעס זען? טאָ ווארט אויף א ווײַלינקע.

ערשט ס׳גייט ארויס א קאץ מיט א זײַדן טיכל פארשלייערט, ווישט אויס מיטן עק טיכל דאָס רעכטע אויג, ווישט אויס דאָס לינקע אויג:

— מיאו?..

האָבן זיך די מײַזעלעך, נעבעך, זייער דערשראָקן, און זיי זאָגן:

— פירט אונדז עמעצער גיכער אָפּ אהיים... מיר האָבן זייער מוירע...

האָט גענומען די קאַץ איין מײַזעלע פאַר א לאַפּקעלע, גענומען דאָס צווייטע מײַזעלע פאַר א לאַפּקעלע, זיי אוועקגעפירט און אוועקגעפירט און אָפּגעפירט ביזן סאמע שטוב, און דאָרט רופט זי זיך אָן צו זיי:

— מיזעלעך־מײַזעלעך, פון הײַנט אָן און ווײַטער זאָלט איר וויסן, אז איך בין קאַץ און איר זײַט מויז.

כאַ־אַפּ!

און די מײַסע איז אויס!

---

# א פאָלקס־מײַסעלע

געווען זײַנען אמאָל א זיידע מיט א באבע, האָבן זיי געהאט א הינדעלע א ראבע, דאָס הינדעלע האָט געלייגט א גאָלדן אייעלע, האָט גענומען די באבע, אונטערגעלייגט אונטערן קישעלע, איז געקומען א מײַזעלע און צעטראָטן מיטן פּיסעלע.

דער דיד וויינט,
די באבע כליפּעט,
דער טויער סקריפּעט...

גייט א קאטשקע, פרעגט זי:
— טויער, וואָס סקריפּעסטו?

— וויאַזוי זאָל איך ניט סקריפּען, — ענטפערט דער טויער, — אז אָט זײַנען געווען א זיידע מיט א באבע, האָבן זיי געהאט א הינדעלע א ראבע, דאָס הינדעלע האָט געלייגט א גאָלדן אייעלע, האָט גענומען די באבע און אונטערגעלייגט אונטערן קישעלע, איז געקומען א מײַזעלע און צעטראָטן מיטן פּיסעלע.

אוי—אוי—אוי,
דער דיד וויינט,
די באָבע כליפּעט,
דער טויער סקריפּעט.

די קאטשקע האָט די פליגל אראָפּגעלאָזן...

גייט א פויערטע פון טײַך און טראָגט צוויי פולינקע עמער מיט וואסער. דערזען אזא מײַסע, שטעלט זי זיך אָפּ און פרעגט:
— קאטשקע, וואָס האָסטו די פליגל אראָפּגעלאָזן?

— וויאַזוי זאָל איך די פליגל ניט אראָפּלאָזן, — ענטפערט די קאטשקע, — אז אָט זײַנען געווען א זיידע מיט א באבע, האָבן זיי געהאט א הינדעלע א ראבע, דאָס הינדעלע האָט געלייגט א גאָלדן

אייעלע, האָט גענומענ די באבע אונ אונטערגעלייגט אונטערנ קישע־לע, איז געקומענ א מײַזעלע אונ צעטראָטנ מיטנ פיסעלע.

אוי—אוי—אוי,
דער דיד וויינט,
די באבע כליפּעט,
דער טויער סקריפּעט,
די קאטשקע האָט די פליגל אראָפּגעלאָזנ,
די פויערטע האָט די עמער וואסער צעגאָסנ...

שטייט באמ פענצטער די גאלעכטע אונ מאכט א ראָשטשינע אפ לאטקעס. דערזענ אזא מײַסע, פרעגט זי:

— פויערטע, פארוואָס האָסטו עס די עמער וואסער צעגאָסנ?

זאָגט די פויערטע:

— וויאזוי זאָל איכ די וואסער ניט צעגיסנ, אז אָט־אָ זײַנענ גע־וועג א זיידע מיט א באבע, האָבנ זיי געהאט א הינדעלע א ראבע, דאָס הינדעלע האָט געלייגט א גאָלדנ אייעלע, האָט די באבע גענומענ אונ אונטערגעלייגט אונטערנ קישעלע, איז געקומענ א מײַזעלע אונ צעטראָטנ מיטנ פיסעלע.

דער דיד וויינט,
די באבע כליפּעט,
דער טויער סקריפּעט,
די קאטשקע האָט די פליגל אראָפּגעלאָזנ,
די פויערטע האָטביידע עמערס וואסער צעגאָסנ,
בא דער גאלעכטע האָט די ראָשטשינע זיכ אפנ
דיל צעפלאָסנ...

אונ אז דער גאלעכ האָט עס אזעלכס דערזענ, האָט ער אראָפּ־גענומענ די ביקס אונ זיכ אליינ דערשאָסנ.

---

# א מײַסע פֿון א האָנדעלע די גרײס װי א מאָנדעלע

געװוען אמאָל א זיידע מיט א באבע, האָבן זיי ניט געהאט קיין קינדערלעך. געוועזן בא זיי נאָר א האָנדעלע די גרייס ווי א מאָנ־דעלע.

עסט דער זיידע באַם טיש. עסט די באבע באַם טיש, און האָנדע־לע־מאָנדעלע גייט ארום אפן טיש.

קומט איינמאָל א סויכער א מויכער מיט א לאנגער קאפּאָטע און רופט זיך אָן:

— זיידע־זיידעצע, באבע־באבעצע, פארקויפט מיר האָנדעלען־מאָנדעלען.

די באָבע זאָגט:

— פאר קיינע געלט ניט.

און דער זיידע זאָגט:

— וואָס וועסטו געבן?

האָט ארויסגענומען דער סויכער דער מויכער און אָנגעשאָטן דעם זיידן א פולע קעשענע מיט ניס, צוגענומען האָנדעלען אין טאָרבע און אוועק מיט אים אהיים.

געקומען דער סויכער דער מויכער אהיים, רופט ער זיך אָן צו זײַן ווײַב:

— מומע־פרומע, זעסט, אָט האָב איך געקויפט א האָנדעלע די גרייס ווי א מאָנדעלע. פוץ עס אויס, גלעט עס ארום, טו עס אָן אין שיינע שיכעלעך און שטעל עס אוועק אין ווינקעלע אפן טיש, וועט עס מיר זינגען.

דער סויכער דער מויכער האָט זיך באזעצט אין זײַן ווייכן פאָטערשטול און רייכערט זיך די ליולקע.

רופט זיך אָן האָנדעלע־מאָנדעלע;

— קוקורו־קוקורו!
סויכער דו!
מויכער דו!
פיר מיך אָפּ אהיים,
איך וויל צום זיידן!
איך וויל צו דער באבען!

רופט זיך אָן דער סויכער דער מויכער:

— דיין זיידע איז א דיידע, דיין באבע איז א שקראבע, זיי בא אונדז, אָט גיי איך, וועל איך דיר ברענגען לעקעלעך און צוקער.

דער סויכער איז אוועק, האָט גענומען האָנדעלע־מאָנדעלע, ארופּגעפלויגן צום סויכער אפן בעט און צעטראָטן די לאָקשן, ארופגעפלויגן אפן טיש און צעגאָסן דעם טינט. דערנאָך האָט ער אויסגעפּיקט אין פענצטער א קליין לעכעלע און זאָגט:

— קוקורוק!
קוקורוק!
קומט דער סויכער —
טוט א קוק,
קומט דער פויגל —
טוט א פּיק,
קומט די באבע —
טוט א שמעק,
פליט דאָס הענדעלע אוועק.

און הענדעלע איז דורכן קליינעם לעכעלע ארויסגעשפּרונגען און אוועקגעלאָפן אהיים.

געקומען צום שטיבעלע, קלאַפט האָנדעלע אין טירעלע:

— פּוק — טוק!
פרעגט דער זיידע:
— ווער איז?
פרעגט די באבע:
— ווער איז?
זאָגט האָנדעלע־מאָנדעלע:
— ס'איך!
און איז ארײַנגעפלויגן אין שטיבעלע.

האָבן זיך דער זיידע מיט דער באָבע זייער דערפרייט.
האָט דערלאַנגט די באָבע אַ טאָפּ מיט קאַשע.
עסט דער זיידע באַם טיש. עסט די באָבע באַם טיש און האַנדע־לע־מאַנדעלע גייט אַרום אַפּן טיש.
אָפּגעגעסן, זאָגט דער זיידע:

— האַנדעלע־מאַנדעלע, קיש־קיש־קיש,
פֿלי אַראָפּ פֿונעם טיש!
זי איז באָבע, איך בין זיידע,
לאָמיר גיין אַ טענצל ביידע!

זײַנען זיי אַוועק אינדרייַען אַלע טאַנצן,
איז שוין די מעַיסע אינגאַנצן.

---

# אוי, בערעלע, בערעלע...

די מאמע האָט געקויפט בערעלען א שיינע ביקס — א רויטע, מיט א האטשיקל בא דער זײַט, אז מע טוט עס א קוועטש אָן, שיסט עס.

איינמאָל אינדערפרי האָט בערעלע אָפּגעכאפּט דעם אָנבײַסן און גיכער אָנגעטאָן די ביקס אף די פּלייצעס.

— וווּהין איז, בערעלע?! — פרעגט אים די מאמע.

און בערעלע ענטפערט:

— ווײַ־ײַ־ײַט — ווײַט...

— וואָס ווערסטו דאָרטן טאָן ווײַט־ווײַט? — פרעגט אים די מאמע.

און בערעלע ענטפערט:

— איך וועל גיין אין וואלד און וועל שיסן א בער א גרויסן, א גרויסן, דערנאָך וועל איך אים ברענגען אהער.

לעם סאמע טיר איז בערעלע מיטאמאָל געבליבן שטיין. ער האָט ברייט צעעפנט די אויגן און זיך פּאמעלעך גענומען רוקן אף צוריק.

פרעגט אים די מאמע:

— בערעלע, וואָס איז?

האָט איר בערעלע אין איינע שרעק גענומען ווײַזן אפן ווענטל, וואָס לעם טיר... דאָרטן איז אומגעקראָכן אזעלכס אף זעקס דינע, לאנגע פיס... בערעלע האָט זיך אזוי פאר דעם דערשראָקן, אז ער איז אזש בלייך געוואָרן.

האָט די מאמע גענומען בערעלען אף די הענט, אים אויסגעטאָן די ביקס, און זי זאָגט:

— אוי, בערעלע, בערעלע! אָט דאָס ביסטו אזא מין העלד? דו גייסט דאָך מיט א ביקס און ווילסט שיסן א גרויסן בער, צום סאָף האָסטו זיך דערשראָקן פאר א נישטיקן שפּין?..

און די מאמע האָט אראָפּגעשארט דעם שפּין אף דער ערד און אים צעטראָטן מיטן פוס.

# פּרעשעלע

דער טאַטע האָט אָנגעשניטן גראָז אין גאָרטן פֿאַר דער בהמה און פֿאַרן קעלבעלע ווײַגן. יאָסעלע און טײַבעלע האָבן אים געהאָלפֿן. יאָסעלע איז אַלט דרײַ יאָר, און טײַבעלע — פֿינף. טראָגן זיי מיטן טאַטן די רעדנע. דער טאַטע האַלט די רעדנע אַף די פּלייצעס, און די קינדער שטופּן אים אונטער.

פּלוצעם האָט פֿון רעדנע געגעבן אַ שפּרונג אַרויס עפּעס אַ גרינס אַזוי ווי גראָז, נאָר ס'ניט געווען קיין גראָז, ס'איז געווען אַ פּרעשעלע.

— אוי, אַ זשאַבקעלע! — האָט יאָסעלע אויסגעשריִען און זיך שוין געוואָלט דערשרעקן.

— ס'איז אַ פּרעשעלע, — זאָגט טײַבעלע, — זיי בײַסן זיך ניט... איך ווייס! זיי שלאָפֿן אין גראָז.

— ס'ניט קיין „פּרעשעלע", — זאָגט יאָסעלע, — ס'איז אַ זשאַבקעלע.

טײַבעלע האָט עס געכאַפּט אין די הענט — ברר! ווי קאַלט ס'איז — און אַ שטופּ געטאָן גיכער אין בײַטעלע צו זיך, דאָרט, וווּ דאָס טײַבעלע איז געלעגן.

אַז די קינד'ער האָבן אָפּגעגעסן אָנבײַסן, איז טײַבעלע צו צום בײַטעלע, וואָס זי האָט אויפֿגעהאַנגען אַפֿן בענקל, און געוואָלט אַרויסנעמען דאָס נאָז־טיכעלע, דערווײַל איז דאָס פּרעשעלע ווידער אַרויסגעשפּרונגען.

אַ פּרעשעלע האָט ניט ליב קיין טרוקענעם און הארטן דיל. האָט עס גענומען שפּרינגען זייער דערשראָקן איבער דער שטוב, דערנאָך איבער דער קיך. ס'ציט אויס אַ פּאָר אונטערשטע לאַנגע פֿיסלעך — טוט אַ שפּרונג, און די פֿיסלעך ווערן באַ דעם צוריק קורץ. אַן עמער אין קיך איז געווען פֿול מיט גרין פֿײַכט גראָז, וואָס

מע האָט אָנגעהאקט פאר דער בעהיימע, האָט דאָס פרעשעלע גע־געבן א טאנצ אהינ אונ ס׳איז ניט געבליבנ.

דערנאָכדעמ, ווי יאָסעלע פלעגט נאָר דערזענ אינ גאָרטנ צווישנ גראָז א פרעשעלע, פלעגט ער מיינענ, אז ס׳איז זיינס.

— אָנ־אָ זעסטו, וויאזוי מיינ פלעשעלע איז אויעקגעשפרונגענ?

אָבער טייבעלע זאָגט צו אימ:

— גיי שוינ, גיי, אלע זיינענ בא אימ זיינע פלעשעלעכ! דו מיינסט, נאָר איינ פרעשעלע איז דאָ אזא? אונדזער פרעשל האָט גאָר גע־קערט אוועקשפרינגענ צו דער מומענ אינ גאָרטנ. אונ די זיינענ אינ־גאנצנ אנדערע!

---

# די מײַסע מיט די ציגעלעך

נעליא איז געקומען צו ליאָניען זיך שפּילן, בעטן זיי ליאָניעס מאמע, זי זאָל זיי דערציילן א מײַסע.

דערציילט זיי ליאָניעס מאמע די מײַסע מיט די ציגעלעך.

„בא ליאָניען איז געווען א ציגעלע און בא נעליען איז געווען א ציגעלע. ליאָניעס ציגעלע איז געווען א ווײַסינקס, און נעליעס — א שווארצינקס. בא ליאָניעס ציגעלע איז געהאנגען א בלוי בענדעלע אפן האלדז מיט א זילבערן גלעקעלע, און בא נעליעס — א ווײַס בענדעלע אפן האלדז און אויך מיט א זילבערן גלעקעלע.

אלע אינדערפרי גייען, אוועק די ציגעלעך אין די בערג זיך פּאַ־שען. די ציגעלעך גייען, און די גלעקעלעך קלינגען.

איינמאָל באטאָג הערן די קינדער, אז די גלעקעלעך קלינגען זייער שטארק. זיי גייען ארויס און טוען א קוק: ערשט די ציגעלעך לויפן ביידע מיט צעשראָקענע אויגן און א וואָלף א געזונטער יאָגט זיך נאָך זיי נאָך און וויל זיי נאָר אופעסן. האָט ליאָניע אראָפּגע־כאפּט דאָס ביקסל, וואָס די מאמע האָט אים געקויפט, און נעליא דעם פּוגאטש, וואָס דער טאטע האָט איר געשענקט, און זיי האָבן ביידע געגעבן א מאך — פּויה! — האָט זיך דער וואָלף איבערגע־קערט און איז געפאלן א טויטער, און די ציגעלעך זײַנען געקומען גאנצינקע אהיים.

אָנ־אָ שטייען זיי לעם שוועל
און עסן גראָז מיט מעל.

אוי די קליינע ציגעלעך, אוי די שיינע ציגעלעך!"

די מאמע דערציילט, און נעליא מיט ליאָניען קוועלן. זיי ווייסן שוין דאָס מײַסעלע אפּ אויסווייניק, אָבער זיי בעטן, זי זאָל דערציילן נאָך.

---

# דאָס שיפּעלע איז אוועקגעפֿאָרן ווײַט, ווײַט, ווײַט...

באַם סאַמע ברעג טײַך זײַנען אַנומלטן געשטאַנען צוגעבונדן צען שיפּעלעך. אַלע איינע אין איינע, און סאַמע דאָס שיינע איז געווען שיפּעלע דאָס קלײנע — אַ געפאַרבטס.

איינמאָל אין אַ קאַלטן טאָג, קומט צו יאָגן דער ווינט אַפן טײַך זיך אַ ביסל שפּילן מיט די אויפגעטריבענע כוואַליעס.

פֿאַרגלוסט זיך דערווײַל דעם ווינט מיטנעמען מיט זיך אַ שיפּע־לע. שיקט ער אַוועק אַ כוואַליע צו די שיפּעלעך און זאָגט איר אָן:

— גיי באַפֿויל, אַז אַ שיפּעלע פֿון יענע זאָל שווין די רעגע צו־פֿאָרן צו מיר!

— און אַז עס וועט ניט וועלן?

— דאַן קער עס איבער אַפן בויך.

— גוט, — זאָגט די כוואַליע און האָט זיך אַוועקגעשפּאַרט צו סאַמע דעם גרעסטן שיפּעלע.

— שיפּל! דער ווינט האָט געזאָגט: קום שווין צו אים!

— און אַז ניט?

— אַז ניט?!

ט׳געזומען די כוואַליע און איבערגעקערט דאָס שיפּעלע מיטן מויל אַראָפּ — כליופּ־כליופּ — און זי רופֿט זיך שוין אָן צו דעם צווייטן:

— שיפּעלע, דער ווינט וויל, שווין זאָלסטו פֿאָרן צו אים!

— און אַז ניט?

— און אַז ניט?!

האָט געכאַפּט די כוואַליע דאָס שיפּעלע און איבערגעקערט עס מיטן מויל אַראָפּ — כליופּ־כליופּ.

אַזוי דאָס דריטע, אַזוי דאָס פֿערטע, אַלע שיפּעלעך איבערגע־

קערט, געקומענ צומ צענטנ, סאמע דעמ קלענסטנ, דעמ געפּארבטנ.

— שיפּעלע, דער ווינט האָט געבעטנ, שוינ זאָלסטו צו אימ צו־פאָרנ.

וויל טאקע דאָס שיפּעלע זיכ שפּילנ א ביסעלע אפּנ טײַכ מיט די כוואליעס, רופט זיכ עס אָנ:

— פאָרנ וויל איכ דאפקע, נאָר איכ בינ צוגעבונדנ אפּ דער קייט.

האָט געכאפּט די כוואליע, געגעבנ א ריס אָפּ שיפּעלענ פונ דער קייט, אונ זיי זײַנענ אוועק צומ ווינט.

איז ארופּ דער ווינט מיט די ברייטע פּאָלעס אפּ דעמ שיפּעלע אונ גענומענ רודערנ פונ איינ כוואליע אראָפּ, אפּ דער צווייטער ארופּ. די כוואליעס שפּארנ זיכ, דער ווינט זינגט, אונ שיפּעלענ איז פריילעכ.

פונ איינ כוואליע אראָפּ אונ אפּ דער צווייטער ארופּ.

פונ איינער אראָפּ אונ אפּ דער צווייטער ארופּ.

פונוואנענ — פונ וואָס שווימט אנטקעגנ באָבריק דער הונט. ער שווימט אונ קענ זיכ ניט ארויסשלאָגנ פונ די כוואליעס. אָט־אָט נעמט ער אָנ א פול מויל מיט וואסער. דערזענ שיפּעלענ, נעמט זיכ באָבריק בעטנ:

— שיפּעלע, מאמעלע, ראטעווע! איכ ווער באלד דערטרונקענ!

האָט דער ווינט ארויסגעשיקט א כוואליע, זי זאָל גיכער באָבריקנ אינ שיפּ ארײַנוואַרפנ.

אונ זיי פאָרנ זיכ ווײַטער.

שווימט א היפּטל קרויט אנטקעגנ. די כוואליעס גיבנ עס א שמײַס אינ קעפּל. טוקט עס זיכ אונטער אונ שווימט באלד צוריק ארויס.

דערזענ דאָס שיפּעלע פאָרנ, נעמט עס זיכ בעטנ:

— שיפּעלע, הארצעלע, האָב ראכמאָנעס אפּ א היפּטל קרויט.

האָט דער ווינט ארויסגעשיקט א כוואליע, זי זאָל היפּטל קרויט אויכ ארײַנוואַרפנ אינ שיפּל ארײַנ.

פאָרנ זיי ווײַטער — דער ווינט מיט די צעלאָזענע פּאָלעס, הונט באָבריק ליגט א נאסער אונ ציטערט, אונ היפּטל קרויט טרײַבט נאָכ קאטאָוועס.

שווימט אָנ אנ אָפּגעבראָכענע צווײַג, א צענעצטע, שווימט אונ

מאַטערט זיך. ווײַל אים שווינג דער ווינט ניט נעמען. כאַפּט ער זיך אַליין אָן פּאַר דער קייט און שלעפּט זיך נאָך.

פונוואַנען — פונ וואָס רוקט זיך די זונ אַרויס אַ קוק צו טאָן, וואָס אָפּן טײַך קומט פּאָר. אונ דער ווינט האָט דערזען די זונ, קיין גרויסע גוטע־פרײַנט זײַנען זיי ניט געווען צווישן זיך, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פונ שיפּל, צונויפגענומען די פּאַלעס אונ טיר־הא — אוועקגעפלויגן. אפילע קיין גוטן־טאָג ניט געזאָגט.

שווימט שווינ שיפּעלע אָן אַ באַלעבאָס אונ אָן אַ רודער. שווימט אונ שווימט אַ גאַנצן טאָג אונ אַ גאַנצע נאַכט. באַבריק אונ היפּטל קרויט זיצן זיך אײַנווייניק, אונ די צוויי שלעפּט זיך נאָך. זײַנען זיי אַזוי לאַנג געשווומען, ביז זיי האָבן זיך צו אַ ברעג צוגעשלאָגן.

אָפּן ברעג האָבן קליינע מענטשעלעך געוווינט אונ געפירט דאָרטן אַן אייגענע מעלוכע.

אַז דער ברעג־וועכטער האָט דערזען, סאַראַ מין שיפּ ס׳האָט זיך צוגעשטעלט צום ברעג, איז ער אוועקגעלאָפן צו זייער עלטסטן, קעדיי וואָס גיכער דערציילן פונ דער נײַעס:

— אַדוינ עלטסטער! אַ גרויסע שיפּ האָט זיך לעמ אונדז אָפּגעשטעלט, אונ צוויי כײַעס זיצן אינ איר. איינע מיט אויגן אונ איינע אָן אויגן.

האָט אויסגעקליבן דער עלטסטער צוויי מענטשעלעך, זיי אויסגעלערנט וואָס צו זאָגן אונ אוועקגעשיקט צו שיפּעלע זיך צונויפריידן. זײַנען זיי געקומען צו שיפּעלע, [illegible] מאָל איבערגעקערט אינדערלופטן, אונ זיי זאָגן:

— געשיקט האָט אונדז דער קייסער באַלימיר,
גרויסע שווימער זײַנען מיר.
מיר טוען קיינעם ניט קיין בייז,
ווי דו זעסט אונדז קליין אונ גרויס.

רופט זיך אָן די שיפּ צו באַבריקן:

— וועסט בלײַבן אָפּ אַ שטיקל צײַט בא די קליינע מענטשעלעך?

— אויב דו וועסט צוריקוועגס מיך צונעמען, — ענטפערט דער הונט.

רופט זיך אָן שיפעלע צו היפּטל קרויט:

— וועסט בלײַבן אָפּ אַ שטיקל צײַט בײַ די קלײנע מענטשע־לעך?

— אויב דו וועסט צוריקוועגס מיך נעמען, — ענטפערט דאָס היפּטל קרויט.

— און איך וויל, — זאָגט שיפּל, — איר זאָלט מיר מיטגעבן צוויי שווימערס די בעסטע, וועל איך פאָרן ווײַט, ווײַט, ביז עק וועלט. איך וויל זייער זען, וואָס דאָרטן טוט זיך.

זײַנען אוועק די צוויי מענטשעלעך צום עלטסטן און זאָגן:

— אַדוויינער עלטסטער! אַזוי האָט די גוויסע שיפּ געזאָגט: די כײַע מיט די אויגן זאָל אַראָפּ צו אונדז אָפּן ברעג, און די כײַע אָן די אויגן זאָל אויך אַראָפּ צו אונדז אָפּן ברעג, און צוויי שווימערס זאָלן מיר אים געבן פון די בעסטע. וועט זי זיך לאָזן פאָרן אין עק וועלט אַרײַן.

— איז אַזוי געבליבן.

הונט באָבריק איז אַראָפּ אָפּ פלײשיקע קעסט, היפּטל קרויט איז אַראָפּ אָפּ מילכיקע קעסט, און שיפעלע האָט מען מיטגעגעבן צוויי שווימערס מיט עסן און מיט טרינקען אָפּ דרײַ יאָר נאָכאַנאַנד, זאָלן זיי פאָרן און ברענגען, וואָס זיי וועלן ברענגען.

האַלב וועט זײַן אונדז, און האַלב אײַך.

ווילט איר, איז עס קרום, ווילט איר, איז עס גלײַך.

נאָר דערווײַל שטייען זיך אָפּן טײַך צען שיפעלעך, אַלע איינע אין איינעם, אָבער סאַמע דאָס שיינע איז טאַקע שיפעלע דאָס קליינע.

---

# צוויי גערטנער

הערשל און בעבע האָבן פארזייט הײַנטיקן זומער צוויי גערט־נער.

איינעם אין סלאָוועשנע בא דער באָבען און איינעם אין קיִעוו בא זיך אין דער היים.

נאָר אזוי ווי סלאָוועשנע איז צוויי הונדערט ווערסט פון קיִעוו, קאָנען זיי ניט אכטונג געבן אף ביידע גערטנער מיטאמאָל, איז אפן היימישן גאָרטן אין קיִעוו גיט אכטונג די מאמע (הערשלען איז זי א מאמע און בעבען א מומע, ווײַל בעבע מיט הערשלען זײַנען צוויי שוועסטערקינדער), און אין סלאָוועשנע, דאָרט, וווּ זיי פאָרן אלע זומער אין די פרײַע כאדאָשים, דאָרט גיבן זיי אליין אכטונג.

אין סלאָוועשנע לאָזט איבער די באבע פונזייערטוועגן אלע זו־מער א באזונדער בייטעלע אין איר גרויסן גאָרטן אפן בעסטן אָרט. זייען זיי אָן בעבעלעך, קירבעסן, כווידעש־רעטעכלעך און אוגער־קעס... דערפאר איז אין דער היים בא בעבען מיט הערשלען דער גאָרטן ניט קיין עמעסער גאָרטן, נאָר אין אן עמער מיט ערד אפן באלקאָן. איז פאראיאָרן בא זיי אָנגעוואקסן אין עמער א קושטש מיט קארטאָפל, און הײַנטיקס יאָר האָבן זיי שוין פארזעצט אין צוויי שמאַלע קעסטעלעך מיט ערד א סאך קווייטן, וואָס קלעטערן זיך אף די ווענטלעך פון באלקאָן, און אין עמער האָבן זיי פארזעצט א זונרויז. די מאמע אין דער היים, אז זי גייט ארויס אפן באלקאָן, קוועלט אָן פון די קוויטעלעך, און זי זאָגט:

— דאָס איז מײַן דאטשע! די יאטלעך האָבן עס פונמײַנטוועגן באוואָרנט. אז זיי וועלן אויסוואקסן גרויסע, וועלן זיי מיר מאכן א דאטשע שוין טאקע אן עמעסע.

און די זונרויז וואקסט זיך אין עמער און וואקסט. זי בליט שוין מיט געלינקע בלעטעלעך ארום און ארום.

נאָכ גוט, וואָס הערשל האָט געדענקט און אָנגעשריבן אהיים, אַז מע זאָל אַרײַנשטעקן אין עמער א שטעקל און צובינדן די זונ־רויז, אַז דער ווינט זאָל זי ניט צעברעכן, ווײַל יענע וואָך איז אינ־מיטן זומער געווען אַזאַ מין ווינט מיט א רעגן און מיט א האָגל, אַז די רויז וואָלט זיכער געווען צעבראָכן אויפן דריטן שטאָק אויפן באַלקאָן, און ס׳וואָלט געווען אומזיסט די האָרעוואַניע.

אין האַרבסט, אַז די קינדער וועלן קומען, וועלן זיי ברענגען אוגערקעלעך, בעבלעך, פּשעניטשניקעס און ווײַסע יאַגדעס געפּראַ־זשעטע. און אין דער היים וועלן זיי טרעפֿן יאַגדעס שוואַרצע, אויכעט געפּראַזשעטע, שוין פֿון א זונרויז.

צוויי גערטנדלעך, צוויי גערטנדלעך האָבן די קינדער פֿאַרזייט הײַנטיקן זומער. איינס אין סלאָוועשנע בײַ דער באָבע אינעם גרויסן גאָרטן און איינס אין דער היים אויפֿן באַלקאָן אינעם אײַזערנעם עמער.

---

# אינהאַלט

זײַט


אַז פּרעס-גראַז און זײַנ מישפּאָכע. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 3
האָנ בעל-מײַסקעלע און הונ קרײַנדל-קעפּל . . . . . . . . . . . . . . . . . . 11
מיזעלעכ-מײַזעלעכ . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 18
א פּאָלקס-מײַסעלע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 23
א מײַסע פונ א האָנדעלע די גרײס װי א מאַנדעלע . . . . . . . . . . . . . . 27
אוי, בערעלע, בערעלע. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 30
פּרעשעלע. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 31
די מײַסע מיט די ציגעלעכ . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 33
דאָס שיפּעלע איז אַװעקגעפאָרנ װײַט, װײַט, װײַט . . . . . . . . . . . . . . 34
צװײ גערטנער . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 42


---


И. Кипнис.
Для маленьких детей.
Рисунки художника *И. Бекетова*.

Редактор *Т. Ген*. Техред. *М. Погостер*. Корректор *И. Сойфер*.

Сдано в набор 16/I-1940 г. Подписано к печати 22/VI-1940 г.
Ф. б. 60×92 1/16. 2 3/4 п. л. уч. изд.л. 1,6 А—27630.
„Дер Эмес" № 397. Тираж 3.000. Зак. 2084.

17-я ф-ка нац. книги ОГИЗ'а РСФСР треста «Полиграфкнига».
Москва, Шлюзовая наб., д. 10.